# יודישע פרויענוועלט




**א צייטונג פיר יודישע פרויען אונ פאמיליע.**

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

| פיר פובליציסטיק אונ וויסענשאפט. | פיר בעלעטריסטיק אונ פראווינץ־אבטהיילונג: |
| --- | --- |
| ד״ר ה. ד. הורוויץ. | מ. ספעקטאר. |

פערלאג „פאלקס־בילדונג״.

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג״ יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך אונ פירטעל־יעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

**די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:**
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Sebastyangasse 32.

**אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:**
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג״ נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

**פרייז פיר מודעות (אנצייגען):**
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פעניג.

**די אדרעסע פיר רוססלאנד:**
Издательство „Тушія“ Варшава для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.
מינדליך נאוואליפקי 7.


Krakau, 17 December 1902. | Nr. 25 | קראקוי, י״ז כסלו תרס״ג.



## יודישע מיידלעך אין לאנדאן.

### א.

אין לאנדאן געפינט מען נישט דעם ארט „בעל־בית׳יש־מיידל״, וועלכער איז בעקאנט אין הונדערטער יודישע שטעדטלעך אין רוססלאנד אונ גאליציע. דא אין לאנדאן ווייסט מען נאר, אז יעדער קוים־דערוואקסענער מענש דארף געהן ארבייטען אונ „מאכען א לעבען“. אונ דער כלל אין לעבען מאכט קיין חילוק נישט צווישען מענער אונ פרויען.

דאס יודישע מיידל, וואס ווערד דא אין לאנדאן געבוירען, געהט אין שולע ביז 13—14 יאהר. זי מעג זיין פון ארימע אדער רייכע עלטערן, געהט זי אין דער אייגענער שולע.

אונ פון דער שולע געהט מען גלייך איבער אין לעבען. איך ווייס ניט צו קאן מען געפינען אין לאנדאן 1% פון מיידלעך, וועלכע זאלען שטודירען אויף אקושעריו, דענטיסטין, אונ אזוי ווייטער, ווי דאס איז אצונד מאדע ביי יודען אין אייראפא.

דאס „הויכע“ שטודיום איז דא אין ענגלאנד טהייערער אלס אויף דער גאנצער וועלט. אזוי, למשל, קאסט דאס שטודירען אויף דענטיסטין 30 פונט, בערך 300 רובל. פאר א סעמעסטער אדער 9

חדשים! עס פערשטעהט זיך, אז דאס שטודירען איז נאר מעגליך פאר קינדער פון זעהר, זעהר רייכע עלטערן. די רייכע עלטערן ווידער פון זייער זייט לאזען זעלטען ווען זייערע מיידלעך שטודירען, און זיי האבען עס טאקי ניט אזוי שטארק נייטיג, ווארום מיט געלד קענען זיי שוין בעקומען פאר זייערע טעכטער גאנץ פיינע חתנים. צווישען די רייכע קלאסען פון יודען געפינט מען דא איבערהויפט נישט אזוינע יונגע טעכטער, וואס זאלען וועלען באמת שטודירען און לערנען א זעלבסשטענדיגע פראפעסיאן, פאר אידעאלען איבערהויפט בעגייסטערן זיך נישט, נישט די היגע „גבירים“, נישט זייערע קינדער.

די מיידלעך פון ארעמערע קלאסען, וואס ענדיגען די פאלקס־שולע, הויבען אן צו זוכען ארבייט. פונ׳ם ערשטען טאג אן, וואס זיי פערדינען, הויבען זיי אן צאהלען זייערע אייגענע עלטערן פאר קעסט און וואהנונג. נאך מעהר: די עלטערן פערדינען נאך ביי זייערע קינדער, און דא ווייסט מען ניט פון דער צרה, אז א פאטער דארף ארבייטען פאר דערוואקסענע קינדער.

געפעלט עפיס דעם מיידל ניט ביי די עלטערן, אזוי גייט זי זיך פשוט אוועק פון איהרע עלטערנס הויז, ווארום פאר געלד געפינט זי אומעטום קווארטיר און קעסט.

עס טרעפט אבער ניט גאנץ אפט, אז טעכטער זאלען אוועק געהן פון זייערע עלטערן. דאס איז דערפאר, ווייל ערשטענס, ווען די מיידלעך האבען אמאל נישט קיין ארבייט, קענען זיי דאך בלייבען ביי די עלטערן און עסען „אויף בארג“, בעת א פרעמדער וויל ניט לאנג ווארטען; און צווייטענס — וואס דא איז דער עיקר — בעגעהען זיך די עלטערן ניט אזוי שטרענג מיט זייערע טעכטער: דאס יודישע מיידל קאן זיך דא גאנץ פריי לעבען, געהן מיט א בחור אויף א באל, פערברענגען די צייט אין טעאטער אדער אנדערש וואו. די מוטער איז כלל ניט געוואהנט צו „היטען דער טאכטערס טריט“. אז די טאכטער פערליבט זיך אין עמיצען, אזוי וועט עס דער מוטער כלל ניט איינ־פאלען ניט מסכים צו זיין צו דעם שידוך, עס וועט דעם פאטער ניט איינפאלען דער טאכטער צו פערוועהרען חתונה צו האבען מיט איהר אויסגעקליבענעם.

און געמען נעמט זיך דאס אלץ דערפון, וואס קיינער קוקט דא נישט אויף יחוס. דא שפילט „יחוס־עצמו“ די גרעסטע און די איינציגע ראלע, און „יחוס־עצמו“ הייסט דא אין לאנדאן: אז מען פערדינט גענוג, כדי מפרנס צו זיין א ווייב. א שניידער, א שוסטער, א בעקער, א סטאלער — אלע, אלע זענען גלייכע יחסנים, בעת א לעהרער, ער מעג זיין שטארק געבילדעט, טויג אפשר אויף כפרות, ווייל מען ווייסט, אז ער פערדיענט ווייניג. און אויב דער יחוס שפיעלט קיין ראלע ניט, אזוי קענען די עלטערן רוהיג זיך פערלאזען אויף זייערע טעכטער: נישט־קשה, זיי וועלען זיך אליין נישט פערליעבען אין קבצנים, זיי מעגען אפילו האבען געלעזען טויזענדער ראמאנען.

די מיידלעך בעשעפטיגען זיך מיט אלערליי ארבייטען: פיעל געהען זעהר גערן אין גרויסע קראמען (מאגאזינען), וואו זיי ווערען פערקויפערקעס אדער בוכהאלטערינס און אזוי ווייטער. אנדערע ווי־דער בלייבען ביי זייערע עלטערן, און זיי האבען אליין פאר זיך א געשעפט. איינינע ווערען לעהרערינס פון שולען; דאס רוב אבער געהען ארבייטען אין פערשידענע ווארשטאטען: זיי ווערען שניידער־קעס, וועש־נייטהארקעס, סיגארעטען־מאכערינס און אזוי ווייטער.

געוועהנליך נעהמען זיי א קליינעם מקח פאר זייער ארבייט און מאכען דערפאר א שטארקען קאנקורענץ די מענער. פאראן פאבריקען, וואו עס ארבייטען נאר מיידלעך, ווייל פרויען־ארבייט קאן מען ביליגער קויפען.

(ענדע קומט).

לאנדאן, — בן־אדם.

# די פרויען־וועלט.

I.

## אלגעמיינע נייעס.

(פרויען דאקטוירים), דען 9 טען נאוועמבער האט מען פער־עפענטליכט אין דעם מעדעצינישען אינסטיטוט פאר פרויען דעם רעזולטאט פון די לעצטע עקזאמענס. הונדערט און עלף פרויען האבען בעקומען דעם טיטעל „דאקטאר“. דאס זענען די ערשטע פרויען, וועלכע זענען ארויס פון דעם פעטערסבורגער אינסטיטוט נאך דעם ווי מען האט 15 יאהר נישט געלערנט.

(געשאנקען דריי מיליאן מארק). די אלמנה פון דעם פערשטארבענעם דייטשען הארמאטען־פאבריקאנט פרידריך קרופ האט אין דעם טאג פון איהר מאנס לויה געשאנקען 3 מיליאנען מארק אין די ארבייטער־קאסע.

II.

## יודישע נייעס.

(א שבת־שולע פאר יודישע מיידלעך). דער קוראטאר פון דער אדעסער לעהר־קאמיסיאן האט ערלויבט פרוי לעאנאוו אויס אטשאקאוו צו עפענען ביי איהר פריוואט־שולע, א שבת שולע פאר יודישע מיידלעך.

(וואהנרעכט). דער רוסישער סענאט האט ערקלערט, אז דאס רעכט, וואס א יוד בעקומט צו וואהנען אין איינע פון די שטעדט, וואס יודען האבען דארטען נישט קיין וואהנרעכט, גילט אויך פאר זיין פרוי און ווען דער מאן שטארבט מעג די אלמנה בלייבען וואהנען אין דער אייגענער שטאדט, וואו איהר פערשטארבענער מאן האט געוואהנט.

(יודישע צדקות). די אלמנה פון דעם פערשטארבענעם גביר ר׳ זלמן נאזיק אויס ווארשא האט אין דעם טאג פון איהר מאנ׳ס לויה צעטהיילט 5000 רובל אין דער געמיינדע, מען זאל עס צעטהיילען אויף פערשיעדענע צדקה־זאכען.

# ליבען און לעבען.

ב.

נאכדעם אלעס וואס איז געזאגט געווארען אין דעם פריהריגען קאפיטעל, דאכט זיך, אז עס וועט קיינער ניט פערלייקענען די ווירקליכ־קייט און די וויכטיגקייט פון דער ליבע. און עס וועט זיך קיינער ניט וואונדערן דארויף, וואס די פאעטען פון איין זייט און די פילאזאפען פון דער צווייטער זייט האבען איבער דעם פיעל געשריבען.

די מיינונגען פון די געלעהרטע וועגען ליבע זענען זעהר פער־שיעדען.

דער געלעהרטער שאפענהויער זאגט וועגען דער ליבע, אז זי איז ניט מעהר ווי איין אינסטינקט פונ׳ם קערפער צו ערפילען די נא־

טור'ם וואונש. אויף דיעניגע, וועלכע שטעלען די ליבע זעהר הויך און ווילען ניט אנערקענען אין איהר עטוואס מאטעריעלישעס, זאגט ער, אז זיי געבען זיך ניט אב קיין רעכנונג וואס ליבע איז און בעמערקען ניט, אז ווען למשל די געליבטע וואלט געבוירען געווארען מיט א יאהר 18 פריהער, וואלט דער יעצטיגער פערליבטער ניט אזוי שטארק פערליבט געוועזען אין איהר, ער וואלט צו ליב איהר ניט געשריבען אזאלכע ליבעס־געדיכטע, זי וואלט אויפגעהערט צו זיין אזא הויך געגענשטאנד, אזא ליבעס בעשעפעניש, אזא קעניגין פון זיין גייסט און קערפער, אזוי ווי ער שטעלט זיך יעצט פאר.

אז מיר געדענקען דאס און מיר בעטראכטען, וואס פאר א גרויסע ראלע די ליבע שפילט ניט נאר אין טהעאטער, אבער אויך אין דעם ווירקליכען לעבען, מיט וואס פאר א מאכט זי פאנגט אין איהר נעץ דאס גאנצע יונגע דור, ווי אזוי זי איז טהייל מאל כמעט דער גאנצער ציעל פון לעבען, ווי אזוי זי בעווייזט איהר השפעה, איהרע ווירקונג אויף די וויכטיגסטע זאכען, ווי אזוי זי רייסט אב דעם מענשען פון די וויכטיגסטע בעשעפטיגונג, ווי אזוי זי פערפיהרט דעם קלוגסטען מענשען, ווי זי חאפט זיך אריין מיט איהרע קליינגקייטען אין די מוחות פון די גרויסע מענער, אין די טעקעס פון מיניסטארען און אין די ביכער פון פילאזאפען, ווי אזוי זי ווערד כמעט טאג טעגליך א סיבה צו די גרעסטע פראצעסען, ווי אזוי זי צערייסט די טהייערסטע פערבינדונגען, ווי אזוי זי ברענגט צו גרונדע די גרעסטע פערמעגענס, ווי אזוי זי מאכט פון דעם ארדענטליכסטען און גוטען מענשען א טיראן און א שווינדלער, מיט איין ווארט ווי אזוי זי בעווייזט איהר קראפט אין צעשטערונג און פערנאכטונג, — ווען מיר זעהען און בעאבאכטען דאס אלעס, פרעגען מיר זיך זעלבסט: פון וואנעט נעמט זיך דער רעש, די שרעק און די אונרוהע? עס געהט דאך דאכט זיך אין א קלייניגקייט: אמנון האט זיך פערליבט אין תמר'ן, פייוועל האט געזעהען די יונגע מארישע און וויל זי האבען פאר א ווייב און וואס איז דא פאר אזא גרויסע זאך אין דעם, ווי אזוי קאן אזא קלייניגקייט האבען אזא גרויסען איינפלוס אויף דעם גאנצען גאנג פון מענשליכען לעבען?

אבער ניין, די זאך איז ניט אזא קלייניגקייט; פערקעהרט, זי איז זעהר וויכטיג, און דעריבער איז ריכטיג, וואס זי מאכט אזא רעש, אזא געפילדער: דער צוועק פון יעדע ליבע, איז העכער פון אלע צוועקען, און דעריבער פערדינט ער די הויכשעצונג, דעם כבוד, וואס מען גיט איהם. דער צוועק איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי צו ברענגען א נייעם מענש אויף דער וועלט. און פון די זאכען וואס אונז דאכט זיך. אז דאס זענען גאר קלייניגקייטען הענגט אב דער קיום פון דעם מענשליכען געשלעכט, דער קינפטיגער דור, וואס וועט לעבען נאך אונזער שטארבען, און ניט בלויס דער קיום, דאס לעבען פון דעם קינפטיגען דור, נאר אויך דער חאראקטער פון די איינצעלנע פערזאנען איז אבהענגיג פון דעם צוגעקליבענעם פאר, פון דעם וואס מיר רופען מיט דעם נאמען ליבע.

דיזער הויכער צוועק, וואס הייבט אויף דעם ווילען פון דער איינצעלנער פערזאן און מאכט פון איהר דעם ווילען פון דעם גאנצען מענשליכען מין, מאכט אויך די ליבע פאר א זעהר וויכטיגע זאך, א הויכע אידעע, פאר וועלכע מענשען ליידען אזוי פיעל, וועלכע ענטציקט די בעסטע מענשען זייט טויזענטער יאהרען.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואס דעריבער האט די ליבע אזוי פיעל אינטערעסירענדעס פאר יעדען מענשען, און קיין טהעאטער־שטיק קאן ניט אינטערעסאנט זיין, ווען עס קומט ניט אריין געמישט עפיס איין אינטריגע פון ליבע.

די געוועהנליכע ליידענשאפט, די תאוה פון איין פערזאן פון מענליכען אדער פון ווייבליכען געשלעכט צו דעם צווייטען געשלעכט, ניט צו איין בעשטימטער פערזאן, הייסט נייגונג צום לעבען, אלעבענס־געברויך. אהן דעם וואלט דאך קיין לעבען ניט געוועזען. און די נייגונג, דאס שטרעבען צו איינער בעשטימטער פערזאן פון דעם צווייטען געשלעכט, איז אין אמת אריין אויך ניט מעהר ווי דער זעלבער לעבענס־ווילען, נאר מיט א מאסקע פון דעם געליבטען געגענשטאנד. די נאטור בענוצט זיך מיט דער מאסקע צו פערבלענדען די אויגען פון דעם מענשען, אום צו ברענגען אויף דער וועלט דעם נייעם מענש לויט איהרע אבזיכט און איהרע בעשטימונג, דאס הייסט פון דעם פאטער און דער מוטער *). א בעוויז דארויף וועט זיין, אז דער לעצטער צוועק פון יעדער ליבע איז ניט בלויס די געגענזייטיגע ליבע נאר די בעזיצונג, דאס הייסט צו ערפילען די נאטור'ס וואונש.

די געגענזייטיגע ליבע אהן בעזיצונג פון דער פערזאן, וועלכע מען ליבט מאכט ניט דעם מענשען גליקליך; אין אזעלכע מקרים האבען זיך שוין פיעל מענשען דאס לעבען גענומען. פון דער צווייטער זייט געפינען מיר זאלכע מקרים, וואס די פערליבטע פערזאן ווען זי ערהייכט ניט די געגענזייטיגע ליבע, בעגנינט זי זיך מיט דעם וואס זי האט די געליבטע פערזאן חאטש אהן איהר ליבע. אלס ביישפיעלע קענען אונז דינען פיעל פריהערע פעלקער, ביי וועלכע די פרויען און מענער האבען זיך גענומען ניט מיט געגענזייטיגע ליבע, נאר געצוואונגען פון איין זייט, איבערגעקויפט פאר פיעל געלד און ענדליך — גאר מיט געוואלט.

מיר זענען ביי דער מיינונג, אז דער אמת'ער צוועק פון יעדער ליבע, פון יעדען ראמאנס איז צו ברענגען א נייעם מענשען אויף דער וועלט; די פערליבטע, די העלדען פונ'ם ראמאנס, שטרעבען צו דעם צוועק בלינדערהייט, זיי זעהען דאס ניט. דער וועג, די פארטלען וואס פיהרען צו דעם צוועק — דאס זענען שוין קלייניגקייטען.

איך ווייס, אז פיעל פון די יעניגע העלדען וועלען זיך געפינען ווי בעליידיגט דורך דעם וואס די ליבע ווערד אזוי ערנידריגט, זי ווערד אויס אידעאליש, זי ווערד מאטעריעליש. אבער איך ווייס, אז זיי האבען א גראבען טעות. ווארום אין אמת אריין, ווען מיר בעטראכטען די

*) אונזערע פארצייטישע חכמים, די תלמודיסטען, וועלכע האבען ליב געהאט אלעס איינצוהילען אין לעגענדעס אדער אין אנדערע פארמען, ווען זיי האבען געוואלט זאגען זייערע מיינונגען וועגען נאטור־געזעצע, שטימען מיט דיזער מיינונג און זענען אזוי זיכער, אז די נאטור בעשטימט יעדען זווג נאך איידער דאס פאר ווערד געבוירען. זיי דרוקען זיך אויס: „פערציג טאג איידער דאס קינד פארמירט זיך אין דער מוטערס בויך רופט א מלאך אויס אין הימעל, אז יענעמס טאכטער זאל זיין יענעמס פרוי" (בת פלוני לפלוני). לויט די זעלבע חכמים מוז יעדער זווג ווערען פרייוויליג פון ביידע צדדים, דאס הייסט אז חתן כלה מוזען זיך זעהען און זיי מוזען זיך אנאנדער געפעלען, דאס איז אויך ליבע, און ממילא קומט דאך אויס, אז די ליבע איז פאראויסגעזעהען פון א העכערען ווילען, פון דער נאטור, פון אויבען, פון הימעל. איז דען דאס א קלייניגקייט, איז דען דאס ניט וויכטיג? ברויך מען דען צו זוכען עפיס וויכטיגערס אין דער ליבע, עטוואס הייליגערס, ווי דאס וואס מיר האבען ביז יעצט געזאגט? איז דען דאס אליין ניט גענוג, צו מאכען די ליבע ערהויבען, טהייער, וויכטיג?...

זאך געגוי, איז דען דאס דאזיין פון׳ם קינפטיגען דור ניט פיעל וויכטיגער פון די פאנטאזיעס וואס די פערליבטע פאנטאזירען. נאר דורך דעם, וואס די ליבע האט אזא הויכען און זעהר וויכטיגען צוועק איז רעכט, וואס זי האט אזא שטארקע קראפט; נאר אזויערנאך ווערד ריכטיג ביי אונז, וואס ביי דער ליבע איז יעדע קלייניגקייט צווישען די געליבטע זעהר וויכטיג; נאר דעריבער פערשטעהען מיר די אלע צערעמאניעס, די שטרעבונגען, די אנשטרענגונגען און די ליידען, וועלכע ווערען געטראגען, איידער דער פערליבטער בעקומט שוין אין בעזיצונג די געליבטע פערזאן. די אלע יסורים ערטראגען די פערליבטע נאר צו ליעב דער קינפטיגער בריאה; די בעזונדערע בעצייכנונג פון יענער בריאה איז אבהענגיג פון דעם צענויף געקליבענעם פאר, פון דעם, וואס מיר זענען געוואוהנט צו רופען מיט דעם נאמען ליבע. די סימפאטיע, די ליבע, וואס ווערד צווישען זיי אלע מאל שטארקער און שטארקער, איז ניט מעהר ווי דער ווילען צו אויפלעבען א נייע בריאה, אין וועלכער עס ווילען זיך אפבילדען זייערע ביידעס אייגענשאפטען. די פערליבטע ווילען זיך פעראייניגען אין יענע נייער בריאה, וועלכע וועט געבוירען ווערען.

דאגעגען אבער, די אבשטויסונג, די אנטיפאטיע צווישען א פרויענצימער און א מאנסבילד וועט זיין א ראיה, אז דאס קינד וואס וועט פון זיי געבוירען ווערען וועט זיין קראנק און אונגליקליך. דאדורך זעה איך אין דער ליבע דעם הויכען צוועק, די וויכטיקייט פאר דער מענשהייט, דאס הייסט ליבען און לעבען.

מיכל וועבער.

## קינדער־שפיעלעריי.

(פארטזעטצונג).

ביי גרויסע דערוואקסענע מענשען, און אויך ביי גרויסע דערוואקסענע חיות און בהמות, — בעזונדערס ביי אזוינע חיות, וואס לעבען אין פרייהייט און פערלאזען זיך ניט אויף דעם מענש — געהט אוועק דער גרעסטער טהייל פון זייערע כחות טאקי אין ארבייט און מיהע, וועלכע די שווערע טעגליכע מלחמה פאר דאס לעבען פאדערט פון זיי. יעדעס פרייע טהיער, יעדער מענש מוז פיעל האראווען, ארבייטען, זיך ראנגלען מיט דער נאטור, ביז וואנען מען קריגט די נייטהיגע מיטעל צום לעבען. אלע זאכען, וואס דיענען צו מענשליכע נאהרונג, די הייזער וואס בעשיצען אונז פון רעגען, פון היץ און פון קעלט, אלע אנדערע חפצים, וואס געפינען זיך ביי דעם מענשען אין הויז און אין הויף — זיי אלע ווערען ניט געבוירען אליין פון זיך פארטיג, ווי דער מענש ברויכט זיי, מען מוז זיי צוערשט שאפען, מאכען — און דאס שאפען קאסט דעם מענש זעהר פיעל, און אפט זעהר שווערע ארבייט, זעהר א סך ביטערע, שווייסיגע שטונדען... ערשט אז דער מענש בעפרידיגט אלע זיינע נייטיגסטע בעדערפנישע, קאן ער געברויכען די פרייע צייט און פרייע כחות אויף לעזען און זינגען, אויף מאלען שניצען און אנדערע קינסטליכע ארבייטען, אויף לערנען, אויף תפלות און נאך אזוינע ארבייט, וואס פערשענערען און פערבעסערען דאס מענשליכע לעבען...

אויף דעם קינד אבער ליגט, צו זיין גרויסען גליק, קיין חוב צו טהון אלע די שווערע וואכעדיגע ארבייטען. עס פיהלט נישט דעם יאך פון לעבען, עס קאן ניט די פינסטערע זארגען פון פרנסה, עס בלייבט פריי... וואס זשע קאן דאס קינד טהון מיט זיינע פרייע, פרישע און יונגע כחות? עס איז קלאר, אז דאס קינד מוז פערווענדען זיינע כחות נאר אין פרייע און פרייהליכע בעוועגונגען און שפיעלערייען.

און עס איז טאקי זעהר וויכטיג פאר דעם מענש, וואס ער קאן חאטש אין די קינדערשע יאהרען געניסען דאס גרויסע גליק פון פרייהייט. אט לויפט זיך ארום א קינד אין צימער און אויפ׳ן גאס, רעש׳ט און לארעמט, טאנצט און זינגט; דאכט זיך, ס׳איז ווילד און נאריש, און דאך קוקט זיך צו, וואס עס קומט פאר דאמאלס אין דער קינדערשער נשמה. דאס קינד פיהלט זיך בשעת מעשה אליין א בעל הבית איבער אלע זיינע אברים און כחות, עס קאן זיי געברויכען ווי עס וויל, ווען עס וויל און צו וואס עס וויל — עס פיהלט זיך פריי, און האט פיעל נחת פון גאט׳ס טהייערע מתנה — דאס לעבען.

בשעת דאס קינד שפיעלט זיך, ארבייטען ביי איהם פערשיעדענע אברים: אמאל די פיסלעך, אמאל די הענטלעך, אמאל דער מויל און די האלז — ארבייטען צו ביסלעך, טאקי אזוי פיעל, ווי פיעל עס איז נייטיג, אז זיי זאלען ווערען שטארק און ענטוויקעלט. מיעדען זיך אב די פיסלעך — געפינט זיך דאס קינד א בעשעפטיגונג מיט די הענד, ווערען די הענד מיעד, ארבייט ער למשל, מיט׳ן האלז, מיט׳ן מויל און אזוי ווייטער. ארבייטען און ניט מיעד ווערען — ארבייטען מיט אלע אברים ביסלעכווייז — דערינען ליגט דער גרויסער חן, די זיסקייט און ליעבקייט פון פרייע קינדער שפיעלען...

פאראן א סך אזוינע שפילערייען, וועלכע זענען פיעל שווערער. למשל, אז א קינד קריכט אויף א שטוהל, א טיש, אדער ווארפט מיט א שטיין און וויל אין עפיס טרעפען, אדער מאכט אלערליי קונצען מיט באלען, ביקסלעך און אנדערע צאצקעס, אדער קנעט פון וואכס אדער פון לעהם פיגורען און נאך אזעלכע זאכען, דאמאלס ארבייט דאס קינד א לענגערע צייט מיט די אברים, ווערד אפט מיעד און מאט, ביז ער דערגרייכט וואס ער וויל... זיין שפיעל ווערד דאדורך ווי א מין ארבייט און אפט גאר ניט קיין גרינגע ארבייט — אבער דערפאר פיהלט דאס קינד בשעת מעשה זיין כח, עס פיהלט זיין הערשאפט, און אט די ממשלה זיינע פערשאפט איהם פיעל פרייד און גליק...

(ענדע קומט).

ד״ר ה. ד. הורוויץ.

## אלערליי.

(א מערקווירדיגע אפעראציע). אין ניו־יארק האבען די דאקטוירים געמאכט א מערקווירדיגע אפעראציע א יודיש מיידל פון 12 יאהר. מיט פיער יאהר צוריק האבען די עלטערן פון דעם מיידל בעמערקט, אז איהר שכל ענטוויקעלט זיך נישט לויט איהרע יאהרען, אדרבא, זי ווערד גאר וואס א טאג נארישער. די עלטערן האבען איהר געפיהרט צו דאקטוירים און זיי האבען געזאגט, אז די סבה פון איהר קראנקהייט איז, וואס איהר וואקסט א ביין, וועלכער רינגעלט ארום דעם מח. דער ביין ווערד אלץ הארטער און הארטער און לאזט דאס מח ביי דעם מיידל זיך נישט ענטוויקלען. די דאקטוירים האבען בעשלאסען צו מאכען איין אפעראציע, היינו מען זאל פונאנדער האקען דעם ביין און מאכען דאס ארט ברייטער, כדי דער מח זאל זיך קענען ענטוויקלען. אזוינע אפעראציעס האט מען שוין א סך מאל געמאכט, אבער ביז היינט איז עס קיינמאל נישט געראטהען.

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher Podgórze b. Krakau